א. פּיאַטיגאָרסקע

# אין אופּשטײַג

לידער

★

מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס“, מאָסקווע
1940

א. פיאַטיגאָרסקע

# אין אופשטײַג

לידער

מעלוכע-פארלאג „דער עמעס"
מאָסקווע 1940

# צ ע פ ר א ל ט   ד י   ט י ר

מײַן פֿאָטער — איזראיל פּיאַטיגאָרסקין —
א טײַערן אָנדענק.

## אפֿן טײַך

מײַן שיפל קעגן שטורעם כ׳פיר,
מיט קויעך יאָג איך דאָס פאָרויס,
פון שווערע וועסלעס יעדער ריר
דערמאָנט מיר, ווי דער טײַך איז גרויס.

וואָס בין איך אפ דער מיט פון טײַך?
א פליג, א בלעטל און ניט מער.
נאָר מיט אקשאָנעס בין איך רײַך,
און ס׳איז מײַן ווילן — מײַן געווער.

דער ווינט די וואסער כוואליעט אוף,
ער רײַסט מײַן שיפל אפ צוריק,
פון ברעג א קאָל מיט שרעק מיך רופט,
נאָר כ׳שיק דעם ברעג א קאלטן בליק.

פון מידקייט ברענען מיינע הענט,
דער ווינט צעפלעכט מיר מיינע האָר,
צום ווייטן ציל מיין אויג איך ווענד:
„איך מוז, כ'וועל בייקומען — און גאָר!"

א בוים אן איינזאמער באם ברעג
פון ווינט בייגט איין דעם קאָפּ צום טייך,
און שטום ער טוט בא מיר א פרעג:
„ביסט זיכער, אז דיין וועג איז גלייך?"

דער הימל — פול מיט בליי און קעלט,
נאָר צווישן כמארעס, דורך א שפאלט
די זון איר שמייכל קוים באהאלט:
„געדעכט! דיין דרייסטקייט מיר געפעלט!"

## פרייד און לייד

מײַן בליק צום מאָרגן איז געווענדעט,
צום העל צעפלאַמטן האָריזאָנט,
און ס'איז מײַן טראָט נאָך ניט געפּענטעט,
און עפּעס רופט מיך, עפּעס מאָנט.

איך ווייס: ס'איז ניט קיין שפּיל דאָס לעבן
און ניט קיין יאָמטעוו איז דאָס אויך.
כ'האָב פרייד און לייד באַגלײַך פאַרעכנט
פאַר מײַן טאָגטעגלעכן געברויך.

# גאָלדענער הארבסט

אינמיטנ הארבסט איז יעדער בלעטל טײַער אפֿנ בוימ,
אונ ס׳איז א יאָמטעוו יעדער זונענ-שטראל, וואָס צערטלט קוימ;
אונ דורכ דעמ גאָלד פֿונ הארבסט דײַנ לעבנ טראָגסט פֿארבײַ,
גלײַכ מ׳האָט אָט ערשט נאָר הײַנט געשענקט עס דיר אפֿסנײַ.

אונ פֿילסט די הימל-טיפֿ, דאָס גליק באטרעטנ פֿעסט די ערד,
אונ שטרײַטנ, מיִענ זיכ אונ לײַדנ — אלצ איז ליב אונ ווערט.
איז אָטעמ אײַנ אינ זיכ דעמ הארבסט, דעמ שארפֿנ ווײַנ פֿונ לופֿט
אונ לאָז זיכ גײנ אהינ, וווּהינ דאָס לעבנ רופֿט.

# פושקין

איך גיי ארום אין יענע ברייטע גאסן,
ווּ פושקינען האָט לופט אמאָל געפעלט,
ווּ ער פלעגט ליבן הייס און לייַדנשאפטלעך האסן,
א פרייַער שקלאף — זיך פייַנלעך רייַסן צו דער וועלט.

ס׳האָט ניט איין דאָר געשליפן אָט די שטיינער,
וואָס היטן נאָך ביז הייַנט דעם שפור פון פושקינס טריט,
עס דוכט זיך: אָט איז ער — ער גייט ארום דאָ איינער,
געטריבן און געיאָגט פון ברויזיקן געמיט.

ווי אין זייַן צייַט דער זייַל אלעקסאנדריער
זיך הייבט צום הימל אין זייַן שלאנקער גרייס,
אין ברעגן שטיינערנע עס קלאפט ניעווא ווי פריער,
נאָר אין דעם פאלאץ קוקט די גאס ארייַן שוין דרייסט.

אין ווינטער-פאלאץ, ווּ אין גרויסע זאלן
פלעגט פושקין לאנגווייַלן זיך אינעם גלאנץ פון גאָלד,
אפן לייַב געטראָגן א מונדיר ווי אלע,
אין הארץ — פאראכטונג, סינע, שטאָלץ.

אין כאָלעם פלעגט ער זען אלץ פרעמדע לענדער,
זייַן אייגן לאנד איז אים געווען א ליבע לאסט,

ס׳האָט גאָרניט נישט געקאָנט זײַנ זיכערקײַט פארבלענדנ —
ער האָט עס פעסט געוווסט: אפ דר׳ערד איז ער א גאסט.

אונ ער איז אויסגעגאנ אינ פעטערבורג אינ גרויענ,
ווי ניט באמערקט ס׳גייט אויס די ווײַסע צאָפנ-נאכט,
נאָר ס׳האָט זײַנ פרײַע ליד דעמ זאפט פונ פרייד אונ טרויער
דורכ דעמ יאָרהונדערטער צו אונדז געבראכט.

אונ אָט — ער שטייט פאר אונדז, דער מוטיקער, דער דרייסטער,
וואָס ווידערשפעניקט האָט די הערשער פונ זײַנ צײַט,
אונ ליבע שטראָמט צו אימ פונ הערצער הייסע,
אונ ס׳דאכט זיכ, פושקינ לעבט דאָ ערגעצ גאָרניט ווײַט.

## איך און מײַן ליד

גיי איך פון צימער פון מײַנעם ארויס,
ציט מיך צו זיך יעדער מענטש אין דער שטאָט;
דעם, וואָס איך קען, גלײַך די האנט שטרעק איך אויס,
צו זײַטיקע — שטעל איך די ערשטע א טראָט.

יעדערן וואָלט איך געזאָגט א גוט וואָרט,
יעדערן אויסגעהערט, אלץ אים דערציילט,
פרײַנטשאפט צו מענטשן כ׳האָב קיינמאָל געשפּאָרט,
מענטשן מיך האָבן פון לײַדן געהיילט.

נאָר פיל איך, אז ס׳ציט מיך דער בויגן פּאפּיר,
דערפיל איך: עס וויקלט אין מיר זיך א ליד,
בענקשאפט צו בלײַבן אליין איך דערשפּיר,
מענטשן, די נאָענטסטע, מאכן מיך מיד.

ווער איך א כײַע, וואָס זוכט זיך אין הייל,
קום און פארשפּאר זיך אין צימער בא מיר,
איך און די ווענט נאָר — און ווערטער איך שייל,
א שמועס געהיימען מיט זיך איך פארפיר.

איך וויל, עס זאָל שווײַגן די שטוב און די גאַס,
מענטשן איך פּיל ווי אַ לאַסט אַרום זיך,
שטערט וועד מײַן רו — גיס איך אָן זיך מיט האַס,
וויקל אַרום זיך מיט שווײַגן געדיכט.

נאָר גיי איך פון צימער פון מײַנעם אַרויס,
גלײַך ערשט געבאָרן איך קוק זיך אַרום,
די מענטשן מיט פרײַנטשאַפט די האַנט שטרעק איך אויס,
מיט דאַנק און מיט ליבע די ליד כ'קער זיי אום.

* * *

ס׳האָט גענומען מיך ווארגן די טויבקייט פון ווענט
און דאָס שטילע געפליסטער פון „מוזע״ — דערעסן,
ווי פון זיך גאָר צו מענטשן זיך ציִען די הענט,
האָב איך זי, די „מוזע״, אין שטוב היינט פארגעסן.

כ׳גיי אום צווישן גאָלדענע זאנגען אין פעלד,
וווּ די שניטער שוין צייטיקע גארבן צעשטעלן,
שפאן איך אום ארום יאם, וווּ עס בושעווען וועלן,
וווּ אין נעצן בא פישער קיין פיש איצט ניט פעלט.

ערגעץ צווישן די זאנגען, צי אין כוואליעס פון יאם
איז געבליבן דער שליסל צו דער טיר דער פארשפארטער,
און אומזיסט איצט די „מוזע״ אין ד׳רהיים אפ מיר ווארט
און זינגט דאָרט פון צאָרן, ווייל איך האָב פארזאמט.

ערגעץ צווישן די זאנגען, צי אין כוואליעס פון יאם
ליגט דער שליסל פון צימער און איך האָב פארזאמט.

# אין וואנדער

1

א וואנדערער — ער האָט דאָך אויך געהאַט זײַן היים,
נאָר ס'איז געווען אַמאָל, ער האָט אים איר פאַרגעסן,
איצט שפּאַנט ער איבער וועגן גאַנצע טעג, מעסלעסן,
אין רעגן און אין שניי, אין קויט און ליים.

דער ווײַטער וועג צעוויקלט זיך פאַר שאַרפן אויג,
און קיינמאָל ווערט דאָס אויג ניט אָנגעזעטיקט,
און אויב ער האָט צו וואַרעמ פון א שטוב פאַרשפּעטיקט —
צו מוטער-ערד זײַן מידער קאָפּ זיך נויגט.

אין שטורעם — בענקט זיך נאָך א שטיקל דאַך,
עס רייצט דעם בליק דער דינער רויך פון קוימען, —
נאָר זײַנע וואַנדער-טעג און ברייטע רוימען
ער וועט ניט בײַטן אַפ א שטילער נאַכט.

מײַן האַרץ, דו וואַנדערסט לאַנג אַפ ברייטן וועג,
עס טוט אַמאָל א צי צו זיך א שויס,
נאָר גלײַך פאַר שטילן האַפן זיך דערשרעקסט,
פאַר מילדער וואַרעמ פון א רויִק הויז.

## 2

נאָך לאנגג וואנדערנ כ׳האָב זיך דערפילט אינ דר׳היים.
אזא מינ שווערנ וועג כ׳האָב דורכגעמאכט אליינ!
דעמ וועג דעמ שטויביקנ האָט פרישע גראָז באזוימט,
איך פלעג זיך אָפּרוענ אונ ווײַטער גיינ.

כ׳פלעג פרײַנט באגעגענענ, אזוינע פרײַנט,
וואָס אויסטאָנ פלעגנ זיי פונ מיר מײַנ שווערע לאסט.
אינ אויגנ זייערע האָט מיטגעפיל געשײַנט,
איך בינ געווענ זיי ליב, אונ דאָך — א גאסט.

זי איז בא דיר, מײַנ היימ. כ׳בינ ניט קיינ גאסט בא דיר,
דו האָסט מיך אָפּגעוואַרט פונ ווײַטסטנ וועג,
אונ כאָטש בא אונדז אינ שטוב איז ברייט צעפּראלט די טיר —
אינ ערגעצ ווילסטו ניט פונ מיר אוועק.

עס וועט די שטוב בא אונדז זײַנ ניט פונ שטיינ אונ ליימ —
פונ דינסטנ גלאָז, איך וויל, עס זאָלנ זײַנ די ווענט,
אז גאָר די וועלט מיר זאָלנ זענ פונ אונדזער היימ
אונ שטענדיק פילנ זאָלנ מיר איר רויש אונ בלענד.

ווײַל ניט אימשטאנד בינ איך אינ ווענט פארקלאמערט זײַנ,
ווײַל אינ דער שענסטער שטײַג איז שווער זיך פילנ פרײַ.
אינ פּאָנעמ פונ דער וועלט, ווי איך, דו קוק ארײַנ,
וועט יעדער אונדזער טאָג צעבליִענ בונט אונ נײַ.

* * *

צוזאמענ מיט דעם יוגנט-כיינ,
מיט פעדעמ האָר, וואָס איכ צעזיי,
מיט יוגנט-ווײַסקײַט פונ די ציינ,
גייט דורכ, טרעט אָפּ דאָס לעבנ.

עס קומט א נײַע פרישע הויט,
פארבײַט אָט די, וואָס איז שוינ טויט,
אונ יעדער טאָג א שטאָק דערבויט,
אונ אונטערשטע פארשוועבנ.

פארהאלטנ זיכ — ניטאָ קיינ צײַט,
עס דוכט זיכ: ס'איז דער וועג דאָכ ווײַט.
אונ טעג אונ נעכט — א שטרענגע בײַט
אפ נעמענ אונ אפ געבנ.

אפ יעדנ טאָג — א שטיקל וועג,
אונ יעדער טאָג באלויכט דעמ צוועק,
אונ יעדע נאכט דעם טאָג פארמעקט,
אונ יעדער טאָג זיכ רײַסט צום לעבנ!

## דו זאָגסט

דו זאָגסט — מיר זײַנען יונג,
כאָטש ס'ווערן גרוי די האָר,
דו זאָגסט, ס'איז דיר איצט גרינג
זי אויסדאכטן, די וואָר.

און צוואנציק יאָר איז דיר,
אז מיר איז אכצן נאָר.
די עלטער דיך ניט רירט,
דו פילסט זי ניט — און גאָר!

און וואָס דער פאספאָרט זאָגט,
איך וועל פארגעסן, גוט!
אָט זע, ווי יעדער טאָג
מיט אונדז דאָ ווונדער טוט.

האָסט ניט פארשפעטיקט נאָך,
נאָך זודיק איז דאָס בלוט;
וואָס? אלט מיר ווערן דאָך?
איך וועל פארגעסן, גוט!

* * *

איך טראָג אפ דיר פאַרדראָס, ווי אײנער טראָגט א שטײנ אינ בוזעמ
אומ,
אונ כ׳קאָנ ניט קוקנ גלײַך דיר אינ די אויגנ.
עס בלײַבנ ווערטער הענגענ אפ די ליפּנ שטומ,
גלײַך כ׳וואָלט מײַנ צערטלעכקײַט צוריקגעצויגנ.

אינ ווינקל פונ מײַנ הארצ האָט זיך א טיר פאַרמאַכט,
ביסטו בא שוועל פונ יעדער זײַט פאַרוווּנדערט שטײנ געבליבנ.
ווענ איך זאָל האָבנ איבער מײַנ פאַרדראָס א מאַכט,
איך וואָלט דיך ניט געטריבנ.

כ׳האָב ליב צו וויסנ, אז צו מיר דו אײַלסט מיט לײַכטע טריט,
אונ אז דײַנ האַנט טוט אומרויִק א ציי מײַנ גלעקל,
נאָר לאַנג מײַנ הארצ אינ זיך סימאָנים פײַנ פאַרהיט,
דערמאָנונג, ווי א גיפט, בלײַבט רײצנ מיך אונ רעגנ.

אונ ווענ צו דיר איך גײ ארויס אַנטקעגנ, —
ניט ענטפערנ איך קאָנ, אונ כ׳קאָנ דיך גאָרניט פרעגנ.

## אין זוכן

דו מיינסט — איך פיל ניט, ווען דײַן בליק
זיך גליטשט פארבײַ דעם פּאָנעם מײַנעם
און קערט זיך לאנגזאם אום צוריק?
איך וועל מיט דיר דערפאר ניט טײַנעו.

ווי גרינע בלעטער אפ א בוים
די לופט, די שײַן אָן אופהער וויגן,
אזוי אויך דו דארפסט האָבן רוים
ארײַנדרינגען אין הערצער, אויגן.

און יעדער דורכגייער אין גאס:
א יונגע פרוי, אן אלטער קריפּל —
געבוירן ליבע, מיטלייד, האס,
דערוועקן שוידער ביז די ריפּן.

ווײַל אויב דו ביסט אפ קונסט געבענטשט,
באשאָנקען ביסט מיט גאָב מיט שענסטער,
מוז שטיין פאר דיר א יעדער מענטש,
ווי אופגעפּראלטע טיר און פענצטער.

אזוי ביסטו, אזוי בין איך,
ס׳ווייסט אונדזער נײַגיר ניט קיין צאמען.
איז אויב דו ווילסט — באזונדער זוך,
און ווילסטו — זוך מיט מיר צוזאמען.

# איכ ווייס

איכ ווייס:
דײַנ צוג מאכט דורכ שוינ ניט דעמ ערשטנ רייס,
מײַנ שטילע סטאנציע איז ווײַט,
ס'איז לאנג דײַנ וועג אונ הייס די צײַט.

איכ קוק:
א מענגע סטאנציעס אלצ ווארטנ אפ דײַנ צוג.
ווי דוקנס בייגנ זיי די דעכער אלע אויס,
צעצינדנ פײַערנ אונ שפּרינגענ אפנ וועג ארויס.

איכ הער:
דײַנ צוג איז מיד אונ אָטעמט שווער,
וועט ער פארהאלטנ זיכ דאָרט מער מיט עטלעכע מינוט,
ביסט מיד, אונ איז מענ מיד — מע רוט.

איז וואָס,
אויב איכ וועל אפ מײַנ סטאנציע דערפילנ זיכ פארלאָזט
אונ אויסלעשנ די פײַערנ, ניט ווייסנ וואָס צו טאָנ
פונ בענקשאפט נאָכנ צוג — איז ווענענ גייט עס אָנ?

## א פרײַנט איך באגעגנ

איז דענ שלעכט,
ווענ אינ הארבסטיקע נעכט
זיכ א נאכט א פארשײַטע פארפלעכט?
איז דענ שלעכט?

כ'נעמ זיכ רעכט,
ווײַל דער ניכטערער גאנג פונ די וואָכנ
ווערט נאָר זעלטנ דורכ אומזינ געבראָכנ
אינ דעמ גלײַיקנ צויבער פונ נעכט.

אינ מײַנ הארצנ עס שלאָפנ ניט אײַנ די געפילנ,
אונ די יאָרנ—די בלוטנ ניט צוימענ, ניט קילנ,
אונ דאָס הארצ וויל ניט ווערנ קיינ שטיינ,
אונ פארוואָס זאָל א לעבנ אָנ ברויזנ פארגיינ?

ניט דאָס הארצ טוט מיכ פירנ אונ אָנווײַזנ וועגנ,
ס'וועט מײַנ מויעכ באמ הארצנ קיינ אייצעס ניט פרעגנ,
נאָר אצינד —
דײַנע טריט מיכ אי רייצנ אי רעגנ,

ווייל דאָס הארץ בא דעם מויעכ קיינ אייצעס ניט פרעגנ,
כ׳באגעגנ א פרײַנט,
הײַנט א פרײַנט איכ באגעגנ,
ווייל דאָס הארץ הײַנט בא קיינעמ קיינ אייצעס ניט פרעגנ!

* * *

כ׳האָב אלץ געוואקלט זיך, געהיט,
נאָר כ׳בין פארגאנ אין פרעמדן סאָד,
צו אלץ, אפ וואָס עס הענגט פארבאָט,
געווענדעט האָב איך מײַנע טריט.

און פון דער בײט די שענסטע בלום
געפאלן איז מיר גלײַך אין האנט,
און פון דעם בוים געווונקען שטום
מיר האָבן עפּל דורכאנאנד.

„דו מעגסט, דיר קומט, — זאָג איך אליין, —
דײַן ביסל פרייד דאָ ערגעץ בליט,
ניט אופגעמאָנט עס קאָן פארגיין,
ווי אפ די ביימער ווײַסער צוויט.

ס׳איז גאָרניט, וואָס פארזייט די בלום
עס האָט אן אנדערע, ניט דו,
עס איז דײַן שאָ אצינד געקומען,
איז טראכט ניט מער, געניס און רו!"

איך צי די הענט צוביימער אויס,
עס גיסט זיך אָן מײַן בליק מיט פרייד.
כ׳געדענק ניט מער, אז אָט די פרייד
האָט עמעצער פאר זיך פארזיים.

## אויסגעלײַטערט

גרויסע שווערע טראָפּנס רעגנ
זאָגנ אָנ דעמ סאָפּ פונ זומער,
כמארעס הענגענ אָנ באַוועגונג,
שפּרייטנ איבער פּעלד אנ אומעט.

געלע בלעטער זיכ פּאַרפּלעכטנ
אינ דער גרינער קודלע בוימער,
ווי בא דיר באמ שלייפ באמ רעכטנ
ערשטע גרויע האָר זיכ שוימענ.

דורכ די טויזנט ווערסטנ ווײַטע
כ׳האָב דערשפּירט דײַנ טיפנ בענקענ,
אונ דורכדעמ מײַנ הארצ זיכ לײַטערט,
גראמ איז מיר אינ ווענט אינ ענגע.

# דורך א שויב

מיר ריידן מיט אײַך דורך א דורכזיכטיק-לויטערער שויב,
איך זע אײַך, איך הער און אין פרײַנטשאפט אין אײַערער כ׳גלויב,
נאָר עס שטערט יעדער הויך אפן גלאָז, יעדער פּיצעלע שטויב,
אײַער הארץ, הער איך, קלאפּט אזוי ווײַט איצט און טויב.

עס צעעפנט זיך ברייט אָט דאָס פענצטער, וואָס פירט אין דער וועלט,
עס דערנעענט די וועלט, און אמאָל פארשטעלט.
נאָר בא ביידן בא אונדז איצט אמאָליקע פּאָשעטקײַט פעלט,
ווי בא קינדער, וואָס האָבן דערזען מיטאמאָל, אז דאָס לײַב זייערס העלט.

קומט ארײַן ווי אמאָל, אויב איר זײַט מיר געבליבן א פרײַנט,
רײַסט אוף גיכער דאָס פענצטער — ניטאָ דאָך קיין ווירבל-ווינט הײַנט!
טוט א קוק, ווי פארשיקערט די זון אין דער הייך זיך צעשײַנט,
קומט ארײַן ווי אמאָל, אויב איר זײַט מיר געבליבן א פרײַנט!

# אפן פּעראָן

א צוג האלט אין אָפּגיין. איך קוק פון פּעראָן,
איך זוך דאָ א פרײַנט, נאָר אין וועלכן וואגאָן?
ס'איז שווער צו געפינען זײַן קאָפּ צווישן קעפּ,
וואָס האָבן ווי בינען די פענצטער באקלעפּט.

ניט דער. יענער אויך ניט. איז ווו איז ער פּאָרט?
צי שטייט ער ניט איינזאם באם פענצטער אָט דאָרט?
ניטאָ! עס דערהערט זיך דער לעצטער שוין קלונג,
און באלד וועט די ווײַטקײַט דעם צוג טאָן א שלונג.

עס רירט זיך דער צוג, און וואגאָנען אין גאנג
עס שיקן באגלייטער א גרוס און א דאנק.
אין לעצטן וואגאָן, בא צעעפנטער שויב,
דערזע איך, מײַן פרײַנט טוט די האנט פלינק א הויב.

ער האָט מיך דערזען אפּ דער מיט פון פּעראָן,
און האסטיק צו מיר א געשריי געטאָן.
און גלײַך מיטן צוג אין דער ווײַט איז אוועק
זײַן האנט, וואָס צו מיר איז געווען אויסגעשטרעקט.

# וואסער פון לעבן

דאָס צווייטע מאָל שוין האיאָר קאָסעט מען דאָס גראָז,
עס בליט דער לינדנבוים, דער זומער גייט צו ענדע.
ס'איז שוין אוועק א יאָר, זינט דו האָסט די שטאָט פארלאָזט,
און ס'פּײַניקט דער געדאנק, אז עפשער שוין אפ שטענדיק.

כ'פארמאכ די אויגן, זע איכ: גייסט אינמיטן גאס,
וואָס נעענטער מײַן הויז — די טריט אלץ מער פארגיכערסט,
און איבער טרעפּ דיכ יאָגט דײַן אומגעדולד, דײַן האסט,
און אין מײַן צימער רײַסטו זיכ ארײַן — א וויכער!

אין קליינעם צימער מײַנעם איז דיר גראמ און פרײַ,
ניט איין מאָל האָסט געזאָגט: עס איז פאר דיר א האפן,
און אלץ האָסטו געהאָפט דאָס לעבן אָנהייבן אפסנײַ,
גאָר אנדערש לעבן האָסט געוואָלט און שאפן.

ס'האָט אלץ געברויזט אין דיר, ווי דו וואָלסט זײַן נאָכ יונג,
האָסט פּײַנט צו ציילן און געדענקען דײַנע יאָרן,
און מיר פלעגט ארום דיר אלץ ווערן פראָסט און גרינג,
אינײנעם ביידע האָבן מיר געפילט זיכ נײַ-געבאָרן.

בא פעלקער פיל א וווּנדער-מײַסע לעבט פון לאנג:
צוויי מינים קישעף-וואסערן אמאָל זײַנען געווען,
דאָס ערשטע — טייט אוועק דאָס לעבן אין זײַן גאנג,
דאָס צווייטע, קערט צום לעבן אום א טויטן וועזן.

דו האָסט געמיינט — א קוואל פון לעבן איך פארמאָג,
און מיט זײַן וואסער דײַנע טעג דערפריש איך.
פון זינט דו ביסט ניטאָ — איך פיל מיט יעדן טאָג,
דיביידע וואסערן, זיי האָבן אויסגעמישט זיך...

# מײַן טרייסט

(א פאָלקס-מאָטיוו)

מיט גרעסטער פרייד
כ'האָב דיר א קאָלדרע אויסגענייט,
און אויב איך גליק —
וועט זי דערפרייען אָפט דײַן בליק,
און ווען דו וועסטו ווערן שלאָף און שוואַך,
זאָל זי דיר לינדערן דײַן נאַכט.

און שטיוול כ'האָב דיר צוגעגרייט,
געקוקט אף זיי און זיך געפרייט:
זיי וועלן טראָגן דיך צו מיר,
דעם וועג צו מיר באַווײַזן דיר,
און פלינקער מאַכן דיר דײַן טראָט,
און קלענער מאַכן דיר די שטאָט.

און בענקען וועל איך אַלץ נאָך דיר,
איז דאָך א טרייסט פאַראַן פאַר מיר:
נאָר עפּשער ניט באַשערט אונדז פרייד,
און זײַן פון מיר וועסט אָפּגעשיידט, —
באַנאַכט אין שלאָף, באַטאָג אין גאַנג
וועסט מוזן מיך געדענקען לאַנג!

# מיט ניכטערע אויגן

## מיט ניכטערע אויגן

### 1

די קליינע גרינע שטאָט באַם שיינעם שמאָלן טײַך,
מיט יעדן יאָר זי ווערט פון מיר דערווײַטערט,
אמאָל איז זי פאַר מיר געווען אַ גרויס אַ רײַך,
איצט האָבן זיך די אויגן מײַנע אויסגעלײַטערט.

ווי אין אַ קישעף-גלאָז האָט אַלץ געמינערט זיך,
די גאַסן — ענגער איצט, באַקאַנטע הײַזער — קלענער,
אַפילע די לעוואָנע מיט איר אויסגעוואַשענעם געזיכט,
אמאָל זי פלעגט אין הימל הענגען שענער.

איך ווייס: געענדערט זיך האָט ניט די שטאָט,
באַרירט אַזוי האָט מיך דער הויך פון שטורעם־ווינטן.
עס ווערט די שטאָט מיר נעענטער מיט יעדן טראָט,
איך און מײַן היימשטאָט פרוּוון זיך אָפּסנײַ פאַרבינדן.

2

די שטאָט זשיטאָמיר ארומ טעטערעוו דעמ טײַכ
מײַנ ערשטע היימ, וואָס האָט פאר מיר די וועלֿט אינ זיכ
געשלֿאָסנ,
אונ כ'גיי אינ איר ארומ מיט אלֿע פרעמדע גלֿײַכ
אונ פרוּוו זי אויסמעסטנ ווער ווייסט מיט וועלֿכע מאָסנ.

א קלֿיינע שטאָט, א שרעטלֿ — דער טראמווײַ,
די הײַזער טוקנ זיכ אינ גרינס פונ גרויסע סעדער,
די גאסנ אויסגעפלֿאסטערטע, מיט גרינס באזוימטע רײַכ,
אז ס'ווערט פארשלֿונגענ דאָ דער רויש פונ רעדער.

כ'באטראכט די שטאָט — אלֿצ איז מיר דאָ באקאנט,
איכ זע פילֿ נאָענטע באלֿיבטסטע בילֿדער,
אונ ס'דוכט מיר — ווידער פירט מענ מיכ א קלֿיינע בא דער
האנט,
אונ עס פארפלֿייצט מײַנ הארצ א מאָדנע מילֿדקײַט.

איז וואָס, אויב אינ מײַנ אלטער היימ איז הוילֿ דער האָריזאָנט
אונ הײַזער האלטנ זיכ דאָ נאָענט בא דעמ באָדנ?!
מײַנ לֿעבנ אלֿעמאָלֿ פונ מיר פאראקשנט מאָנט
מיט אָט דער לֿופט די לֿונגענ אָנצולֿאָדנ!..

3

מײַנע פיס ווילנ ווײַטער ניט שפאנענ,
זיי פארהאלֿטנ מיכ דאָ ארומ טויער.
איכ קאָנ ניט אוועקגיינ פונדאנענ,
עס האלֿט מיכ דער סאָד אונ דער „מויער“

גרויסע דרײַ פענצטער פארמאכטע,
זוניקע צימערן דרײַ.
יאָרן אזויפיל פארבראכט דאָ,
שווער איז מיר דורכגיין פארבײַ.

די פיס צום ארײַנגאנג מיך שלעפּן,
וווהין? צוליב וואָס? כ׳וועל ניט גיין!
ווײַטע מענטשן, אן אָפּגעפרעמדט לעבן,
איך וועל ניט ארײַנגיין, ניין!

בעסער באַם פלויט כ׳וועל זיך שטעלן,
א רעגע באטראכטן דעם סאָד.
די שטאמען, די צווײַגן צעהעלן,
יעדער בוים זיך אין גינגאָלד באָדט.

א מענטש האָט דאָ זאָרגזאם געמיט זיך,
אפּ בייטן צעטיילט די ערד,
אלע ביימער באוויזן פארהיטן,
קיין צווײַג ניט פארדארט, ניט צעשטערט.

ארום איז א בלויקײַט צעגאָסן,
דער סאָד איז אין פולן גליי,
און גרינג ווערט די שטאָט פארלאָזן,
און אלץ ארום ווערט מיר ליב.

# אלעמענס ברודער

## 1

דערינערונגען — רייַך-געשטריקטע בלעטער—
הויפּנסווייַז זיך זאַמלען אין זיקאָרן,
איך שאַר פֿאַנאַנדער הייַנט די הויפּנס הויך-געבעטע,
מייַן ברודער איך דערזע דורך דינער נעץ פֿון יאָרן.

ער שטייט פֿאַר מיר אין היטל אין סטודענטישן,
די צוואַנציק יאָר אין בליק אין זייַנעם שפּילן,
און פֿעסט ער האַלט די ביקס אין זייַנע הענט שוין,
און גוט ער ווייסט וווּהין, אין וועמען צילן.

געווען איז יענער טאָג א גאָלד-באַשטראַלטער,
זייַן מאַכנע איז געשטאַנען גרייט אין שלאַכט אַרויס,
עס האָט מייַן ברודער שטאָלץ זייַן ביקס געהאַלטן,
און צוואַנציק יאָר אין אים האָבן געברויזט.

אַף טראָטוארן — הונדערטער באַגלייטער,
די מאַכנע לאָזט זיך גיין אַף ניט געפּרוווטע וועגן.

און ווי א ווינט וואָלט אין א בליִענדיקן סאָד א ווײ טאָן —
עס פאַלן בלומען אפ דער מאַכנע — א קאָלירנדיקער רעגן.

אוועק איז אין דער זומערדיקער ווײַט מײַן ברודער,
ווער האָט געוווּסט, צי וועט דער האַרבסט אים מיטברענגען צוריק.
און איצט — צו יענע וועגן, ווען איך ווענד מײַן בליק —
איך זע, ווי צוואַנציק יאָר עס טראָגט מיט שטאָלץ מײַן ברודער,
ווי בלומען פליִען אין דער לופט, און ס'שפּאַנט די מאַכנע צו דער
בריק.

2

מיט פיבערדיקע אויגן
עס האָט געוואַרט מײַן מאַמע אפ א בריוו,
די האַנט צום בריוונטרעגער אָפּט מיט האָפענונג געצויגן,
אַראָפּגעלאָזט א ליידיקע, די טרערן אײַנהאַלטן געפּרוּווט.

איר זון איז ווײַט אַצינד,
זי הערט, ווי ער אפ ווײַטע וועגן ערגעץ שפּאַנט,
עס נאָגט איר מוטער-האַרץ און ס'מאָנט א בריוול פון איר קינד,
כאָטש נאָר א גרוס!.. און ס'פאַלט אַראָפּ איר האַנט.

און ווײַט, גאָר ווײַט פון איר
עס האָט איר זון פאַרביטן אפ א ביקס די פען,
צו פערקאָפּ די מאַכנע זײַנע פירט,
זי אָפּשטעלן א ווײַל — קיין צײַט איז ניט געווען.

עס שטעפּט דער פוליעמיאָט,
צום הימל פליט אַן אופגעריסענע די ערד,
מיט בלוט מע רײַסט אַרויס באַם סוינע יעדן טראָט
און יעדער מענטש און יעדעס פערד.

בא פּערעקאָפּ
עס האָט דער זיג זיך לאַנג געזאַמט,
ס'האָט אויך מײַנ ברודער דאָרט געשענקט דעמ לאַנד זײַנ קאָפּ,
בא זײַט — זײַנ ביקס פאַרקריצט זיך טיפ אינ זאַמד...

מיט פיבערדיקע אויגנ
מײַנ מאַמע האָט א בריוו געמאָנט,
די האַנט צומ בריווטרעגער אַלצ מיט האָפענונג געצויגנ,
אראָפּגעלאָזט א לײדיקע אונ טרערנ אײַנהאַלטנ ט'זי מער שוינ ניט געקאָנט.

3

ס'איז טרוקנ, קיל, ס'איז האַרבסט אינ סאַמע מיט,
אינ שויפענצטער עס גליט דאָס רײַפע גאָלד פונ עפּל,
פונ בריסלינעס דער פּורפּור זיך צעשיט,
אונ פלוימענ לענגלעכע געהילט אינ דינעמ נעפּל.

אינ גאַס די שטײנער זײַנענ גלאַטיק-רײנ,
בא יעדנ דרוק פונ פוס אנ אָפּקלאַנג זײ געבוירנ,
א רויטאַרמײער-טײל פונ ערגעצ קומט צו גײנ,
מיט הילכיקנ געזאַנג די לופט אַרומ ער בויערט.

אונ אַלע זײַנענ יונג, אונ יעדער מונטער איז,
שײנעלנ — גוט געפּאַסט, די שטיוול אויסגערײניקט,
אונ ס'דוכט זיך פונ דער ווײַט — עס שפּאַנט אינ גאַס א ריז,
וואָס העלט אונ פיס אונ קעפּ א סאַך פאַרײניקט.

אונ ס'דוכט מיר — איך דערפיל אונ טאַקע אפ דער וואָר:
אינ עמעצנ פונ זײ מײַנ ברודערס האַרצ כ'הער קלאַפּנ,
אונ עמעצער פונ זײ די ביקס מײַנ ברודערס טראָגט,
וואָס איז געבליבנ דאָרט אפ זאַמדנ פּערעקאָפּער.

## באלאדע וועגן לעבן

### 1

ערעוו-פרילינגדיק דעמלט די לופט איז געווען,
כאָטש שניי אפ דער ערד איז געלעגן.
דורכן ווינטער דעם פרילינג געקאָנט האָט מען זען
אין הימל, אפ גאסן און וועגן,
כאָטש שניי אפ דער ערד איז געלעגן.

ס'האָט אהיים נאָך דער ארבעט דער אוילעם געאײַלט,
בלײַ פון מידקײַט געטראָגן אין גלידער,
נאָר די זון אפן שניי האָט איר גינגאָלד געפײַלט
און באשײַנט און באגאָלדיקט די מידקײַט.
אהיים נאָך דער ארבעט האָט יעדער געאײַלט.

צווישן אנדערע פיל איז געגאנגען א פרוי
פון געוויינלעכן וווקס, אין די מיטעלע יאָרן,
ס'איז דער גאנצער ארום ליב געווען איר אזוי,
אומבאמערקט נאָר געגומען די טריט האָט זי שפּאָרן,
צווישן אנדערע פיל איז געגאנגען א פרוי.

ס'איז א וווקסיקער פויער געשטאנענ אינ גאס,
אינ די הענט בינטלעכ בליִענדע ווערבע געהאלטנ,
ס'האָט דער סאמעט פונ פרייִקער בליִונג געפאסט
צו דעמ הימלשנ בלוי, צו דער לופט צו דער קאלטער,
ס'איז א פויער מיט ווערבע געשטאנענ אינ גאס.

ס'האָט די פרוי זיכ אנ אָנהייב פונ פרילינג געקויפט,
א טייל פונ איר ארבעט אפ בליִונג פארביטנ.
אונ געבראכט דעמ גערוכ פונ דעמ פרילינג אינ הויפ,
אונ באמ שטייַגנ אפ טרעפ האָט זי אלצ נאָכ פארהיט אימ.
ס'האָט א פרוי זיכ א בינטעלע ווערבע געקויפט.

אפ די גאסנ איז לאנג נאָכ געלעגנ דער שניי,
נאָר איר — אָנ איר פרילינג דערמאָנט האָבנ זיי.

2

בא דער פרוי אינ דער היימ האָט איר פאָטער געלעבט,
ס'האָט דער אלטער אינ רו זייַנע טעג איצט געצויגנ,
זיכ צומ לעבנ מיט קויכעס מיט לעצטע געקלעפט,
נאָר דאָס לעבנ גענזעענ מיט אָפענע אויגנ.
אינ דער היימ בא דער פרוי האָט איר פאָטער געלעבט.

ס'איז זייַנ לעבנ דאָס גאנצע אינ ארבעט אוועק,
אונ זייַנ טרוימ איז געווענ — בא דער ארבעט צו שטארבנ,
נאָר געקומענ צו פרי איז זייַנ כוואליע צומ ברעג,
אונ פונ וועגנ פונ שווערע — זייַנ שטערנ אינ קארבנ.
ס'איז זייַנ לעבנ דאָס גאנצע אינ ארבעט אוועק.

ס'איז אימ שווער שוינ געווענ פונ זייַנ צימער ארויס,
האָבנ וועגט פונעמ צימער די וועלט אימ פארביטנ,

ס'איז אים לִיב, וואָס דאָס לעבן אַרום אַזוי ברויזט,
ס'איז אים ליב, וואָס עס שפּראָצן אַפ צווײַגן די בלִיטן.
ס'איז אים שווער שוין געוועזן פון זײַן צימער אַרויס.

נאָר אָט הענגען די בלִיטן אַפ צווײַגן שוין מאַט,
אײַנגעשרומפּן זיי פאַלן אַראָפּ אַפ די ברעטער
פון טיש, און די פרוי זיי אין מיטט-קאָרב באַשטאַט,
ווײַל זיי קאָנען שוין מער איר דאָס אויג ניט אַ גלעט טאָן.
און עס הענגען די בלִיטן אַפ צווײַגן שוין מאַט.

דעם אַלטן פאַרדריסט: „איז נאָר בלִיִונג אַ וועלט?"
כאַפּט אַרויס זיי, די צווײַגן, פון מיסט-קאָרב פון ענגן,
פרישט זיי אָפּ, גלײַכט זיי אויס און אין וואַסער זיי שטעלט,
כאָטש ניט שיין, נאָר קיין זאַפט זיי אַפ זיכער ניט פעלט.
דעם אַלטן פאַרדריסט: „איז נאָר בלִיִונג אַ וועלט?"

און אַוועק איז אַ וואָך, און אַוועק זײַנען צוויי,
און די נאַקעטע צווײַגן שוין וואָרצלען פאַרמאָגן,
און עס פילט זיך: ס'איז שטאַרק נאָך דאָס לעבן אין זיי,
און גרינינקע בלעטער די צווײַגן שוין טראָגן.
און אַוועק איז אַ וואָך, און אַוועק זײַנען צוויי.

בא דעם אַלטן דאָס האַרץ איבערפולט ווערט מיט פרייד,
ווען די שלענגעלעך-וואָרצלען די ערשטע זיך ווײַזן.
אַפ די וועגן פון לעבן וויפל בייטן פאַרזייט,
וויפל סעדער געפלאַנצט, וויפל זוימען פאַרגרייט.
און זײַן האַרץ ווי אַמאָל ווערט פאַרוואָרצלט אין פרייד.

3

דער אש פון יאָרן ליגט אַף זײַנע לאַנגע האָר,
ס'איז טיף געפּאַלדעוועט דער הויכער שטערן פון אַ דענקער,
און ער אַליין איז איצט אַ לעבעדיקער דענקמאָל
אָט דעם, וואָס האָט געלעבט אין זײַן געשטאַלט צוריק מיט וויפל יאָר.

אַ שוואַרצע הוט, אַ שוואַרץ אַלטמאָדיש פּעסט פאַרשפּיליעט רעקל,
אַ הויכער שלאַנקער מענטש, קוים עטוואָס נאָר געבויגן,
עס לײַכט נאָך לעבנס־לוסט אין זײַנע קלוגע אויגן,
כאָטש ס'ציטערט שוין די האַנט אַף שווערן שוואַרצן שטעקן.

ער שטייט אין מיט פון טרעפּ, ער מוז נאָך שטײַגן,
עס ליגן טרעפּ ווי שוועלן — ניט אַריבערטרעטן,
אַף ווײַטע גאָרנס וויפל מאָל האָט ער געקלעטערט,
און ס'פּרוּוון פּיס די אָנמאַכט זייערע פאַרשווײַגן.

שוין וויפל מענטשן אָנגעיאָגט עס האָבן אים אין וועג,
און ערגעץ אין דער הייך זיי זײַנען לאַנג פאַרשוואונדן,
נאָר ער אַליין דאָ שטייט, צו אָט די טרעפּ געבונדן.
גיי, אַלטער, פלינקער זיך באַוועג!

ווער ווייסט, צי וועט ער מאָרגן אויך אַרויס אין גאַס,
צי וועט מען מאָרגן אים אַרויסטראָגן פונדאַנען?
און ווידער אַלטע פּיס פאַראַקשנט איבער טרעפּלעך שפּאַנען,
און אָט איז זי — זײַן היים — נעמט אוף אים ווי אַ גאַסט.

ווי שווערע לאַסט דאָס רעקל אַף די אַקסלען הענגט,
און ס'איז אים שווער אַפילע אָנקלאַפּן אין טיר,

נאָר ס׳האָט געעפנט זיך די טיר באַם ערשטן ריר,
זײַן היים — דער שטילער האפן—קוקט אים אָן פארבענקט.

4

אין אלטן קערפער לאנגזאמ פלייצט דאָס בלוט,
און קאלט עס ווערט צו לעבן אפ דער וועלט.
ווי שווער עס איז, ווען גאנצע טעג מע רוט,
ווען מידקײַט פעלט.

זי איז פאראנ, די מידקײַט, אינעם לײַב,
אין יעדן אייווער האָט זי זיך פארבאָרגנ,
דורכ טאָג און נאכט מיט אים געטרײַ זי בלײַבט,
נאָר ניט פונ ארבעט קומט זי, נ׳ט פונ זאָרגנ.

דער טאמ פונ מידקײַט איז אים גוט באקאנט,
נאָכ מי נאָכ שווערער פלעגט ער זי דערפילנ,
און נאָר דער שלאָפ פלעגט זײַנ אימשטאנד
די גרויסע מידקײַט יענע שטילנ.

איצט מײַדט אים אויס באנאכט דער שלאָפ,
די נאכט, זי ציט זיך לאנג, ניט אויסצוהאלטנ,
עס דוכט זיך: ס׳וועט צו איר ניט קומענ גאָר קיינ סאָפ,
געדאנקענ פלאָגנ אים, דער מויעכ שפאלט זיך.

פאר אויגנ שלאָפלאָזע עס שווינדלענ דורכ
שוינ לאנג פארגעסענע, פארנעפלטע געשטאלטנ,
און צווישנ אנדערע דערזעט ער זיך,
נאָר ניט קיינ אלטנ.

## 5

אזא איז ער געווען. ער איז נאָך יונג.
דאָס לעבן ליגט פאר אים — א ברייטער וועג.
די שילער האָבן אים פארשלאָסן אין א רינג
און לאָזן ניט אוועק.

ער האָט זיי הײַנט דערקלערט ניוטאָנס געזעץ,
געדאנקען פיל האָט ער אין זיי דערוועקט,
די יוגנט קאָן עס ניט פארגעסן,
א בינשטאָק האָט ער אופגערעגט.

עס קוקן יונגע אויגן מאָנענדיק אף אים.
די נעמען זייערע פארגעסן האָט ער לאנג,
נאָר ווארעם ווערט פון יענעם גלי אין בליק,
און עפּעס טוט אים באנק.

ווּ זײַנען זיי? צעזייט איבער דער וועלט,
דאָקטוירים, לערער, ארבעטער, מאטראָסן...
און ער איז אַלט, און קויעך אָפּט פארפעלט.
ער רוט, נאָר פילט זיך ניט פארלאָזן.

עס שווימט פארבײַ א שיף — גאנץ אָפט מיט אים פּאסירט —
ער פילט א ווײַטן ווונק, מע גריסט אים אומבאקאנט,
פאר אלע די, וואָס ער האָט צו די ווײַטע וועגן צוגעפירט,
אף דעק פון שיף זיך הייבט מיט דאנק א האנט.

## אפ דער וואָגשאָל

דער טאָג גייט אויס אפ ברודנעם שניי פון ברייטע גאסן,
די נאכט צינדט אָן די קייטן פײַערן אין קאסטנס הײַזער,
צוויי שווארצע פערד אין א געשפאן באוועגן זיך געלאסן,
זיי שלעפן דורך א קאטאפאלק, און אפ זײַן קעלניע — אן אלטיטשקער,
א גרײַזער.

דער אלטיטשקער קערט אָפּ די פערד צום סאמע ראנד פון וועג
און קײַט א שטיקל ברויט, וואָס איז פארבליבן אים פון טאָג.
עס האָט דעם אלטיטשקן א הייסער טעלער סופּ פארשמעקט,
אין דר'היים בא זיך — א ווײַב א ווירטן ער פארמאָגט.

אויב ער וועט שטארבן גיך, וועט מען אים אָפּפירן אהין,
וווּהין ער פירט אָפּ יעדן טאָג א נײַעם פאסאזשיר.
נו, יאָ, וואָס דען? אז אײביק פאָרט ניט אום אפילע א מאשין! —
און ס'טוט דער אלטער מיט דער בײַטש די פערד א לײַכטן ריר.

נאָר פלוצעם טוט א קינדערש שמייכל אפ זײַן פּאָנעם זיך א ווײַז:
ס'האָט זײַן מעזינקע הײַנט געהאט א זון — דעם אלטן טאטן א געשאנק.
— וויאָ! אײַלט זיך אונטער, פערדעלעך, איך מאך דעם לעצטן קרײַז.
— וויאָ! פערדעלעך, א בינטל היי באקומט איר פארן גאנג!

# די לערערנ

װענ איכ זאָל װידער װערנ יונג,
מײַנ װעג כ'װאָלט אָנגעהױבנ פֿונדאָסנײַ,
אונ מײַנ בארופֿ איכ װאָלט געפֿונענ גרינג,
װײַל אלע װעגנ זײַנענ איצט פֿאר יוגנט פֿרײַ.

עפּשער װאָלט איכ גאָר א פֿידלערנ געװענ,
געקישעפּט מענגעס מיט דער קראפֿט פֿונ שפּיל,
צי עפּשער אלע קרעפֿטנ װאָלט איכ אָנגעװענדט
אונ שמערצנ מענטשלעכע געלינדערט אונ געשטילט.

נאָר ס'קאָנ אױכ מעגלעכ זײַנ, אז צװישנ װעגנ פֿיל
קײנ בעסערנ פֿונ מײַנעמ כ'װאָלט ניט אױסגעזוכט,
װײַל ס'פֿאָדערט שטרענג מײַנ ארבעט ברױזיקנ געפֿיל,
אקשאָנעסדיקע מי אונ שאפֿנדיקנ ברענ.

אונ זײַנ א לערערנ אױכ דעמאָלט כ'װאָלט געטרױמט,
זי װעקט געפֿילנ אופֿ אונ װײַזט א ריכטונג זײ,
אונ מױכעס שטאָלט זי אָנ אונ האלט זײ אינ א צױמ
אונ טוט עס אומבאמערקט, באשײדנ אלצ אזױ.

איכ שטיי אינמיט פונ קלאס ווי אינ א יונגנ סאָד,
אונ אָפט מיר דוכט זיכ אויס, אז בייטנ איכ פארזיי,
אונ ווייסנ ווייס איכ פעסט: בא יענעמ נאָר געראָט,
ווער ערלעכ האָט געזייט, אינ גרונט געלייגט די פרייד.

ס'וועט דעמלט אופגיינ רייכ אפ מיינע בייטנ גרינס,
איכ וועל פארהיטנ דאָס פונ ווילדגראָזנ אונ מיסט,
אונ זיינ וועט פארנ ראטנלאנד מיינ אופטו א געווינס, —
פונ מי פונ פריידיקער דאָס גאנצע לאנד געניסט.

איז קאָנ דאָכ טאקע זיינ, אז צווישנ וועגנ פיל
קיינ בעסערנ פונ מיינעמ כ'וואָלט ניט איינגעזענ,
ווייל ס'פאָדערט שטרענג מיינ ארבעט ברויזיקנ געפיל,
אקשאָנעסדיקע מי אונ שאפנדיקנ ברענ.

## מומע ליזע

ווילסטו — איז די מומע ליזע גלאַט אַ פרוי און גאָר,
ניט באַזונדערס שיינ, אַ דיקע, אונ אינגאַנצנ גרוי די האָר.
בא די פופציק יאָר, פאַרמאַטערט, נאָר די אויגנ שטענדיק יונג.
קיינמאָל רוט ניט, און אַפ אָפּרו לייענט ביכער אומבאַדינגט.
זעקס און דרײַסיק יאָר אַפ אַרבעט בא דער זעלבער וועבערײַ,
ווו דער פאָטער אונ די מוטער אויכ געאַרבעט האָבנ טרײַ.
אויכ דער זיידע מיט דער באָבע זײַנענ וועבער דאָכ געווענ,
אַלע יאָרנ מ'האָט געאַרבעט טאַקע אינ די זעלבע ווענט.
שוועסטער דרײַ בא מומע ליזענ, אַלע דרײַ אַפ דער פאַבריק,
אונ איר דאַכט, אַז דאָ געשטאַנענ איז פונ קינדווײַז אָנ איר וויג.
קענ זי דאָ, די מומע ליזע, יעדנ ווינקל, יעדע ראַם,
מיט אַ כאַווערישער אײַצע האָט זי קיינמאָל ניט פאַרזאַמט.
„וואָס זשע, — זאָגט די מומע ליזע, — ווער זשע, אויב ניט מיר אַליינ?
מיר דאָ זײַנענ באַלעבאַטימ, די מאַשינעס לאָזנ גיינ.
אונ געאַרבעט — איז געאַרבעט, בעסער ווי אַפ גאָר דער וועלט,
אַז ס'זאָל זײַנ בא אונדז פאַר אַלע אַלצ, וואָס יעדערנ נאָר פעלט.
אַפ זעכצנ וועבשטולנ געאַרבעט, איצט — אַפ זעכציק, הונדערט גיכ,
אַז עס פירט פאָרויס די יוגנט — בא דער יוגנט כ'לערנ זיכ“.

מומע ליזע האָר האָט גרויע, אויגן — מאַטע, מידע הענט,
נאָר איר נאָמען וואַקסט אריבער פון איר היים די ענגע ווענט,
פון די פאָרנעמסטע, פון בעסטע, צווישן ערשטע אין דער ריי,
פון אזוינע אין וואַרשטאַטן שטייט א שטאָלענע אַרמיי.

1935

# אפ אָפרו

## 1

נו, איז וואָס, אויב צאָפנ ? וואקסנ דאָ בעריאָזעס,
שלאנקע סאָסנעס גרינענ ס׳קײַלעכדיקע יאָר,
אונ אפ טיפנ יאמ-גרונט וואקסנ וואסער-גראָזנ,
איז ניט בלוי דאָס וואסער, גרויער נאָר — אונ גאָר.

ארומ גרויענ וואסער, ווי א זוימ א גרינער,
סאָסנע-וואלד געדיכטער ארומ יאמ צעגרינט,
שמעקט איינ וואלד מיט מאָכ, מיט סמאָלע־רייעכ דינעמ,
שמעקט דער יאמ מיט זאלצ, מיט פיש, מיט פרישנ ווינט.

הײַזער אפנ יאמ-ברעג, הײַזער אינ דער וואלד-טיפ,
מענטשנ טוענ אויס די מינדסטע זאָרג פונ זיך.
זאָל דער וואלד פארנארנ, פארפירנ זאָל דאָס שיפל —
פונ פרי ביז שפעט אינ אָוונט דער גלאָק דאָס לעבנ ריכט.

## 2

מיט רו און זעטיקייַט ווערט אָנגעזאפּט דאָס לייַב
און מונטער ווערט און פריש און קרעפטיק,
די זאָרג דאָרט ערגעצ בא א ווייַטער שוועל פארבלייַבט,
און ליב עס ווערט מיט קלייניקייַטנ זייַנ באשעפטיקט.

צומ בייַשפּיל — יענער וויַיסער פלעק אפ וואסער־פלאכ,
צי איז א מעוועדאָס, א רויכ, א ווייַסער זעגל?
צי וועט די זונ אינ הימל טאָנ א לאכ
דורכ דינעמ האפט פונ זומערדיקנ רעגנ?

ווער האָט דער ערשטער הייַנט דעמ טאָג באגריסט?
ווער האָט ביז שפּעט אינ נאכט אינ וואלד געבלאָנקעט נעכטנ?
אינ אָפּרו-צימער אלט און יונג עס הייבנ ערנסט פיס
און גרינג און פריילעכ אינ א קרייַז זיכ פלעכטנ.

און אויב דער גרויער טאָג שפּאָרט אָפּ א ביסל זונ,
שיילט אויס זייַנ קערפּער פונ די קליידער יעדער איינער,
און יעדער אייַלט פארנעמענ אפּנ ברעג דעמ אויבנאָנ,
און אָפּשפּאָרנ א ביסל גלי פאר מוסקולנ, פאר ביינער.

ווערט ברוינ די הויט, און ייִנגער ווערט דאָס לייַב,
די לונגענ — אָנגעפילט מיט פרייַענ הויכ פונ ווינטנ,
און אלצ, וואָס ס'האָט געפלאָגט דיכ און געבונדנ,
פארגעסנ ווערט, אהינטער ערגעצ־ווו פארבלייַבט,
און פלינקער, האסטיקער דאָס הארצ די בלוטנ טרייַבט.

# באם יאם

## 1. באטאָג

ס'האָט זונ די וואסער-פלאַכ מיט ליסקעס גאָלד באדעקט,
ס'האָט זונ א שפּיל געטאָנ מיט ווײַסנ שוימ פונ האַפּטנ.
אונ שיפלעכ שטייענ גרייטע לאָזנ זיכ אינ וועג,
אונ ווײַסע זעגלענ זוכנ אינעמ בלויענ יאמ א האפנ...

עס טריקנט זיכ א פישער-נעצ אפ ברעג פונ יאמ,
דורכ יעדנ אײַגל קוקט דער סאָד פונ טיפענישנ ווײַטע,
עס שמעקט די לופט מיט פיש, מיט זאלצ, מיט שלאמ,
מיט כוואליעס שוימיקע, מיט שפּיל פארשײַטער.

## 2. נאכט

אינ הימל קײַקלט זיכ א פולע די לעוואָנע
אונ טוקט אינ וואָלקנס זיכ אונ גאַנוועט זיכ ארויס,
אונ שפּרייט א סטעזשקעלע, וואָס ניט צו זענ קײנ אָנהײב,
אונ ס'וויגט דער יאַמ עס צערטלעכ אינ זײַנ שויס.

אינ דער לעוואָנע־שײַנ א שיפל א פארגעסנס
צעשפּרייט די וועסלעס, ווידער גרײט אינ וועג,
אונ ס'דוכט: — עס ליגט דער יאַמ אַנ אויסגעפּרעסטער,
אונ אָט־אָט שווימט ער אויכ אינ רוימ אינ זילבערנעמ אוועק.



2064—4

## 3. אָפּפּלוס

ער איז היַינט אײַנגעשטילט, דער יאַם דער באַלטישער,
נאָר גרינג זיך רונצלט נאָך זײַן גרויע פֿלאַך.
ווער האָט עס אויסגעטראַכט, ווער זאָגט, אַז קאַלט איז ער,
אַז רוישן רוישט ער ניט און זעלטן לאַכט?

עס איז איצט אָפּפּלוס־צײַט, און ס'האָט אַנטבלויזט זיך איצט
דער גרונט דער זאַמדיקער, דער גרינער שלאַם,
אין טעג אין אַנדערע די כוואַליעס היצן זיך,
עס שטורעמט אַלץ אַרום, ס'גרײַפט אָן דער יאַם!

אַ דריבנע רעגנדל זיך זיפּט פֿון הימל־דעק
דער ברעג פֿון יאַם איז היַינט אי פּוסט אי ריין,
איך איינע שפּאַן איצט אום איבער דער לענג פֿון ברעג,
מיט גאָר דעם יאַם איך בין איצט איין־אַליין.

דער ברעג — ער שלענגלט זיך, מײַן טראָט איז אײַנגעשפּאַרט,
נאָר פֿאָלגט געהאָרכזאַם נאָך זײַן מינדסטן קער,
און פּלוצעם — שטיי! — אַ שילד אַ גרויסער, בונט געפֿאַרבט:
„דו שטייסט באַם גרענעץ שוין, ס'איז גיין — פֿאַרווערט!"

אין הארץ אין אייגענעם פּאָרטראַכט איך קוק אַרײַן,
דאָס הארץ איז אָפּגעוועקט הײַנט ווי אַ יאַם ביז דעק,
און ס'איז שוין מיד מײַן הארץ פון אַלץ אין דרויסן זײַן,
איך וויל צום וואַנדער'ן שוין זען אַ ברעג.

איך קאָן נאָך אָנקומען, איך האָב פּערשפּעקטיק נאָר,
ס'האָט בלויז מײַן אומגעדולד די רו צעשטערט,
נאָר שטרענגע ווערטער הער איך פּלוצעם פּלעטן מיך:
„דו שטייסט באַם גרענעץ שוין, ס'איז גײַן — פאַרווערט!"

## פון יאם פון באלטישן א גרוס!

פון לענינגראד און צו אָדעס,
פון יאם פון באלטישן צום שווארצן
באגלייט דער הימל דעם עקספרעס
און זון אונדז קוקט אריַין אין הארצן.

אין וויַיס און גרין — בערעזע-וואלד,
אין טונקל-גרין די סאָסנע-וועלדער,
א סטאנציע דעם צוג פארהאלט,
און ווידער לויפט ער צווישן פעלדער.

וווהין עס ווענדט זיך נאָר דיַין בליק,
עס שטייען גאָלדיק-געל די זאנגען
און זעטיקייַט אין פעלד זיך וויגט
און זיכערקייַט אין לופט צעהאנגען.

און מענטשן אומעטום ווי מאָן
צעשאָטן איבער וויַיטע וועגן,
אין מי אין פריידיקער פארטאָג
זיי קומען אונדזער צוג אנטקעגן.

און בא דעם שווארצן יאם — צום ברעג
א נעץ א שווערע ציִען פישער,
און מיר — נאָך שטויב פון לאנגן וועג —
מיר ווארפן זיך אין יאם דערפרישן...

פון יאם פון באלטישן א גרוס,
פון שטאָלצער שטאָט — דער שויס „אווראָראס״ —
דעם שווארצן יאם, וואָס לויטער קלאָר איז
און רויִק-בלוי ווי פון איין גוס.

## היט זיך!

בלינד זעט אויס איצט אין דער נאַכט
דער הימל אָן א שטערן, —
דאַכט זיך, טו וואָס האָסט פאַרטראַכט,
קיינער קאָן ניט שטערן.

שטיינער שלײַפט דער יאַם אַרום
דאָרטן אין דער נידער,
כוואַליעס יאָגט און שלײַדערט אום,
ברומט זײַן אייביק ליד דאָרט.

פּלוצעם שנײַדט זיך דורך א בליץ,
ס'ווערט די נאַכט צעשפּאָלטן,
ס'נעמען פינגער פון א ריז
טרייבערן די וואָלקנס.

העלע פינגער ליפן אום
איבער יאַם און הימל.
ווען ס וועגן זײַנען קרום —
ווייסט: מ'האָט ניט געדרימלט!

אויב א שיפל לויפט אוועק
צו די פרעמדע ברעגן,
וועט מען אָפּשניידן זײַן וועג,
גאָר בא אים ניט פרעגן.

אויב א פײַנט זיך גאנוועט שטיל,
וועט מען אים דערקענען,
כאָטש די נאכט דעם יאם פארהילט, —
העל דאָ הערצער ברענען.

רוישט אין פינצטערניש דער יאם,
רוען ברעג און רוימען,
בלויז פאר פרײַנט איז דאָ געראם,
פאר די סאָנים — צוימען!

.1937

## אין גאָלד־קאמער פון „ערמיטאזש"

אזויפיל גאָלד־שטיקער פארשיידענע און גרויסע,
אזא מין פינקלענדיקער רעגנבויגן,
אז ס'טוט א שווינדל אין די אויגן.
און דו פארגעסט, אז ס'איז איצט טאָג אין דרויסן,
דאָס יאָר איז איצטער ניינהונדערט דרייסיק זיבן,
אז הינטער טירן איז א ברויזנדיקע שטאָט פארבליבן.

און טרעטסט אריין אין קרייז פון מייסעס אויסגעטראכטע,
א וועלט א שעמערירנדיקע ווערט דאָ טאָג און נאכט
דורך שלעסער און דורך שטרענגער וואך באוואכט.
דו קוקסט און שטוינסט, וואָס איז צונויפגעבראכט דאָ:
פאָפּאָנעס, שלייעס רייך אזוי מיט גאָלד געצירט,
ווי קיינער האָט דערצו זיך גאָר ניט צוגערירט.

— סערוויזן גאָלדענע — געשמאק פון זיי צו עסן?
קייסאָרים האָבן זיך געגרייסט מיט זיי באַם טיש,
נאָר קאלט דו בלייבסט פון זייער גלאנציקן געמיש.
און טאבאק־קעסטעלעך — דעם מין שוין לאנג פארגעסן —
פון ריינעם גאָלד און מיט ברילִיאנטן אויסגעוועלירט,
אז אויך דער גלאנץ פון גאָלד זיך אונטער זיי פארלירט.

און מע דערציילט — ס'איז אלעמענ באקאנט:
מיט איינס א קעסטעלע עס האָט א מייַסע זיכ פארלאָפנ,
מיט דעמ א פירשט א קייסער האָט אינ שלייפ געטראָפנ;
עס ליגנ זייגערס גאָלדענע, געבראכט פונ ווייַטסטע קאנטנ.
זיי האָבנ לעבנס זאָרגלאָזע מיט זייער שפיל באהעלט,
איצט — זייערס אָפּגעקלונגענ און אפ אייביק אָפּגעשטעלט.

דאָס אויג ווערט דאָ פארפירט, דאָס הארצ ווערט אָנגעשטויסנ
אפ אָט די אָנגעוואלגערט טויטע הויפנס גאָלד.
פונדאנענ גיכער שוינ אוועקגיינ כ'וואָלט געוואָלט...
און גוט, וואָס ס'איז איצט גרויסער טאָג אינ דרויסנ,
און וואָס דאָס יאָר — נייַנהונדערט דרייַסיק זיבנ
און הינטער טירנ איז א שטאָט א ברויזיקע געבליבנ!

# ווינטער־ליד

עס שלאָפט ניט מער פארטאָג דאָס קינד,
אין די שויבן קלאַפּט דער ווינט,
רופט דאָס קינד פון שטוב ארויס:
„ווינטער שפרייט איצט סטעזשקעס אויס,
בריקן בויט ער אפן טײַך,
ריוון, בערגלעך מאכט ער גלײַך,
אלץ פארשאָטן, אלץ פארגלעט,
צוגעפוצט און אויסגעבעט.
אפן ווײַסן טעפיך גיי,
שפורן ערשטע לאָז אפ שניי".
הערט זיך צו דורך שלאָף דאָס קינד
ווי אין פענצטער ברומט דער ווינט.
שפרינגט דאָס קינד אראָפּ פון בעט,
לויפט צום פענצטער און דערזעט:
ס'ליגט פאר אים א ווײַסע וועלט,
פילט ער — ס'ציט פון גאס א קעלט,
הײַזער אלע — אָפּגעפרישט,
פלעקן ברודיקע פארווישט.
און עס ציט אים, און עס ציט
דורכגיין און אין סאמע מיט

פון דעם פרישן ווײַסן שניי,
לאָזן טיפּע שפּורן צוויי.
טוט ער אָן זיך אַף דער גיך,
ציט דאָס פּעלצל אָן אַף זיך,
און אָט שפּאַנט ער פרײלעך אום.
אַלע פענצטער קוקן שטום,
אַלע הײַזער שלאָפן נאָך,
ס'שלאָפט דער הונט נאָך אין זײַן לאָך,
ס'שלאָפט דער האָן נאָך אין זײַן שטײַג,
און די גאַס אַרום נאָך שווײַגט.
און דאָס קינד שטעלט קלײנע טריט,
און דער שניי זיי גלײַך פאַרשיט.
נעמט דאָס קינד אָן אַ פאַרדראָס:
„אויב אַזוי, איז צוליב וואָס
האָב איך טריט געשטעלט אין שניי—
ס'זאָל דער שניי פאַרמעקן זיי?"

# נײַע לידער

אַן אָנדענק פֿון ליכטיקע טעג.

ס׳האָט יעדעס קינד געהאַט
אַן ענגן װיגעלע,
בײַ יעדער װיג געזעסן
איז אַ מאַמע.
און טריבע װיגלידער
האָט זי געזונגען אים;
פֿון װעלט פֿון גרױזאַמער
די לידער שטאַמען.

און װי אַ שפּרוך אַזאַ
האָט זי געכאַזערט זײ,
ס׳האָט קינד געשלונגען זײ
מיט מילך צוזאַמען;
די לידער פֿינצטערע
פֿון װעלט פֿון גרױליקער,
װאָס ס׳האָט געזונגען אים
בײַ װיג די מאַמע.

איצט נײַע לידער גאָר
עס הערן קינדערלעך

און שלינגען גיריק זיי
מיט מילך צוזאמען.

---

אין גאס אין רוישיקער
אפ ווייכן מוטער-שויס
זיך וויגט דאָס קינדעלע
אין הענט-געקלאמער;
אין גאסן שפאנען אום
אין רייען קינדערלעך,
און רויטע האלדזטיכער
אפ ברוסטן פלאמען.

א גרויסע רויטע פאָן
פארנעמט דעם אויבנאָן.
אפ קינדער שפאנענדע
אים ווײַזט די מאמע.
„דו הערסט, — עס קלינגט א ליד,
דו זעסט, — מע ווערט ניט מיד,
אָן לידער זייערע
זאָלסט זיך דערמאנען.

אז דו וועסט ווערן גרויס,
זאָלסטו אין גאס ארויס,
דאָס אָרט געפינען זיך
אין רויטע רייען!"
און ווײַטער גייען זיי,
און ווידער — ריי נאָך ריי:
„זאָלסט גיין, מײַן קינד, מיט זיי,
וואוהין זיי גייען"...

---

אפ היטלען שפּיציקע
עס גלײַען שטערנדלעך,
און ביקסן שטאָלענע
אין הענט אין פעסטע.
— „דאָס זײַנען, זונעלע,
די שיצער אונדזערע,
מע גרייט זיך, זונעלע,
מיט פײַנט פאַרמעסטן.

אַז דו וועסט אויסוואַקסן, —
די ביקס אַף אַקסל נעם,
אויב ס'וועט נאָר רופן דיך
דאָס לאַנד דאָס בעסטע.
ניט ווייסן זאָלסטו קיין שרעק,
פון שלאַכטן ניט אַוועק,
דו זאָלסט מיר זײַן, מײַן קינד,
דער העלד דער גרעסטער!"

און רייען רוקן זיך,
און רייען שליסן זיך,
און אויגן שליסן זיך
באַם קינד באַם קליינעם.
אין קאָפּ זיך פּלאָנטערט אַלץ,
די ליד דערמאָנט זיך אַלץ,
און ס'שפּאַנען, ס'שפּאַנען אַלץ
די רויטאַרמייער...

# אינהאלט

## צעפּראַלטע טירן

## מיט ניכטערע אויגנ



---


А. ПЯТИГОРСКАЯ.
НА ПОД'ЕМЕ (СТИХИ)

Редактор С. Галкин. Техред. К. Паташник. Корректор С. Сойфер.

Сдано в набор 25/I-1940 г. Подписано к печати 15/XI 1940 г.
„Дер Эмес" № 404, А-27619. Формат бум. 70x108 1/32. 2 п. л. 2,5 уч. изд. л. Заказ тип. № 63
Тираж 2000 экз.
Набрано в 17-ой ф-ке нац. книги Огиз'а РСФСР треста „Полиграфкнига"
Москва, Шлюзовая набер., 10.

Печатано с матриц в нац. тип. б. Д. Крейнеса, Пол. Треста ЛССР Вильнюс, Рудницкая 2.

25

1 р. 25 коп.

А. ПЯТИГОРСКАЯ

# НА ПОДЪЕМЕ

СТИХИ

Государственное издательство
„Дер Эмес“ ★ Москва ★ 1940